Rok I. Żydowska Gazeta Robotnicza. Organ partyi socyalno-demokratycznej. Nr. 29.

אַבאָנאַמענטס־פּרייז:
יעהרליך: 4. קראָנען.
האַלבּיעהרליך: 2. קראָנען.
פֿיערטעליעהרליך: 1. קראָנע.

פּרייז פֿון אַנאָנסען:
פֿיר יעדער שורה פּעטיט אָדער
איהר פּלאַטץ 10 העללער.

# יודישע
# אַרבּייטער צייטונג
## אָרגאַן פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

די אַדרעסע פֿון דער רעדאַקציע
און אַדמיניסטראַציע:
Jüdische Arbeiter Zeitung
Kraków,
Sławkowska 29.

טעלעפֿאָן נומער 624

איינצעלנע נומער 8 העל.

קראָקוי, 20 אָקטאָבער 1905. נומער 29. Kraków, piątek 20 października 1905.

# גענאָסען, קלויבּט אויפ'ן פּרעספאָנד!

## אַרבּייטער!

פֿאַר דעם סיים פֿון פּריווילעגיען, פֿאַר דער שלאַכטצקער רעפּרעזענ־טאַציאָן וועט זיך צונויפֿקלויבען

## מאָנטאַג דעם 23־טען ד. מ.

די אַרבּייטער קלאַסע פֿון לעמבּערג, כדי צו בּעגלייטען די אַרבּייטער דעפּוטאַציאָן, וועלכע וועט פֿאָרשטעלען דעם מאַרשאַלעק פֿון סיים און דעם שטאַטהאַלטער פֿון גאַליציען די פֿאָדערונג פֿון א

## גלייכען, געהיימען, דירעקטען און אַלגע־מיינעם וואַהלרעכט!

מיר רופֿען דעריבּער אַלע אַרבּייטער־אָרגאַניזאַציעס און פֿערטרויאונגס מענער אין גאַנץ גאַליציען, מען זאָל זונטאַג דעם 22־טען אָקטאָבּער אָדער מאָנטאַג צונויפֿרופֿען איבּעראַל פֿאָלקס־פֿערזאַמ־לונגען מיט דער זעלבּיגער טאַגעסאָרדנונג, כדי צו סאָלידאַריזירען זיך מיט די פֿאָדערונגען, וועלכע די אַרבּייטער־דעפּוטאַציאָן וועט אין לעמבּערג שטעלען.

קיינער פֿון די אַרבּייטער זאָל ניט פֿעהלען בּיי דעם אויסדרוקען פֿון געמיינזאַמען ווילען פֿון דער אַרבּייטער קלאַסע!

זאָלען אַרויסטרעטען אַלע, וואָס זענען היינט געדריקט און בּערויבּט פֿון רעכט!

דער עקזעקוטיוו-קאָמיטעט
פֿון דער פּוילישער סאָצ. דעמ. פּאַרטיי.

דער לעמבּערגער קאָמיטעט פֿון אונזער פּאַרטיי האָט אַרויסגעגעבּען דעם פֿאָלגענדען אויפֿרוף:

אַרבּייטס־פֿאָלק!

מאָנטאַג, דעם 23־טען אָקטאָבּער 10 אַ זייגער אין דער פֿריה וועלען זיך פֿערזאַמלען אַלע וואָס זענען בּערויבּט פֿון פּאָליטישע רעכט, אַלע וועלכע פֿיהלען טיעף און שמערצליך די עולה, וואָס מען איז געגען זיי בּעגאַנגען דורך דעם אָהן יושר'דיגען וואַהל-געזעטץ, אויף'ן פּלאַטץ פֿאַר די געבּיידע פֿון סיים כדי צו מאַניפֿעסטירען, אַז דאָס גאַנצע אַרבּייטער־פֿאָלק פֿאָדערט אַנ'אַלגעמיינעס, געהיימען, דירעקטען און גלייכען וואַהל־רעכט אין סיים.

עס איז אָנגעקומען דער דעצידירענדער מאָמענט. אין גאַליציאַנער סיים האָט די שלאַכטצקע מעהרהייט בּרער אִיבּערגעהן צו די טאַגעס-אָרדנונג איבּער די אַנטראַגען וועגען אַ וואַהל-רעפֿאָרמע. אַ דמיניסטראַציאָנס קאָמיסיאָן האָט שוין אַ צוגעגרייטען רעפֿעראַט, אין וועלכען זי אַנערקענט ניט דעם פֿאָלק קיין רעכט כלומרש'ט רעפֿאָר, ווייל „עס איז נאָך ניט גענוג רייף“. נאָך אין דעם מאָנאַט דאַרף דער סיים בּעשטעטיגען דעם אַנטראַג פֿון דער קאָמיסיאָן, ער דאַרף די אַרבּייטער און פּויערים, וואָס האַלטען אונטער מיט זייער אַרבּייט און בּלוט די געזעלשאַפֿט, מאַכען ווייטער פֿאַר פּאַריאַסען, וואָס האָבּען קיין רעכט ניט.

אַרבּייטער! בּירגער! איילט אַלע מאָנטאַג פֿריה פֿאַר די געבּיידע פֿון סיים, כדי איהר זאָלט אין דעם היסטאָרישען מאָמענט, ווען די העכסטע אויטאָ־נאָמישע אינסטיטוציאָן וועט דעצידירען איבּער אייער גורל, מיט אייער שטומען, אָבּער דאָך דייטליכען פּראָטעסט צייגען, אַז איהר וועט ניט ערלויבּען, אַ הייפֿעל אָבּגעאָרדנעטע זאָל מיט אַ לייכט געמיטה איבּערגעהן צו די טאָגעס־אָרדנונג איבּער אַ זאַך, וואָס ריהרט בּיז אין דער טיעף מיליאָנען מענשען.

מאָנטאַג וועלען קומען קיין לעמבּערג אַרבּייטער דעפּוטאַציעס פֿון גאַנץ גאַליציען און וועלען פֿאָרלעגען דעם מאַר־שאַלעק פֿון סיים און דעם שטאַטהאַלטער די פֿאָדערונג פֿון אַנ'אַלגע־מיינעם געהיימען, דירעקטען און גלייכען וואַהל־רעכט.

לעמבּערגער אַרבּייטער! דאָס גאַנצע לאַנד וועט אין דעם מאָמענט הינבּליקען אויף לעמבּערג, צייגט, אַז איהר האָט פֿערשטאַנען די וויכטיגקייט פֿון דער גרויסער מאַניפֿעסטאַציאָן. בּעמיהט אייך, אַז אונזערע רייהען זאָלען אימפּאָנירען אונזערע געגנער ניט נור דורך די צאָהל, נור אויך דורך די דיס־ציפּלין און גוטע אָרדנונג!

אין גאַנץ לעמבּערג זאָל שטעהען בּלייבּען די אַרבּייט מאָנטאַג פֿריה אין דער צייט, ווען דאָס אַרבּייטער־פֿאָלק וועט געהען פֿאַרן סיים! זאָלען שטעהען בּלייבּען די מאַ־שינען, ווערקשטעטען, געוועלבּער! זאָל אַלעס שטעהען בּלייבּען!

מיר וועלען אַלע געהען פֿאַר די געבּיידע פֿון סיים. מיר וועלען רוהיג שטעהען בּלייבּען און די רייהען פֿאַר די געבּיידע פֿון פּריווילעגיען, מיר וועלכע זענען בּערויבּט פֿון מענשען רעכט. מיר וועלען פֿאָרלעגען דעם מאַרשאַלעק אַנ'אַנטראַג, וועלכער איז אונטערגעשריבּען אין די הערצער פֿון מיליאָנען, אַנ'אַנטראַג, וואָס לויטעט קורץ:

מיר פֿאָדערן אַנ'אַלגעמיינעס, געהיימען, דירעקטען און גלייכען וואַהל־רעכט;

דער קאָמיטעט פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

---

## פֿון די בּערג.

דער נאַכט־לויתן אין זיין בּויך,
פֿאַרשלונגען האָט די טהאָלען,
ווי וואָלקאָלאַקעס גרויס און שוואַרץ,
פֿון ווייט די בּערג זיך מאָלען...

אַ מנין קליינע שטערען צאַנקט,
און ראַנגעלט מיט דער נאַכט זיך,
דער בּאַרג־שטראָם פּליוסקעט מיט'ן קול
פֿון תקון־חצות, מיר דאַכט זיך...

## Wydawnictwa Spółki nakładowej „Książka“.

***Blos Wilhelm.** Rewolucya Francuska. Z 2 rycinami. Dwa tomy. (Na cienkim papierze 2 tomy w jednym). Cena 12 koron.

***Feldman W.** O Rosyi. Cena 1 korona.

***Informator.** Stronnictwa polityczne w Królestwie Polskiem. Cena 2 korony.

**Kalthoff Albert.** Światopogląd religijny. (Treść: Przedmowa. Wstęp. — Nieskończoność świata. — Zachowanie siły. — Teorya rozwoju. — Pochodzenie wiary w Boga. — Treść wiary w Boga. — Modlitwa. — Stary i nowy człowiek. — Wiara i wiedza. — Wiara i jednostka. — Wiara i życie. — Prawo dziedziczności. — Prawo przystosowania. — Idealizm. — Ideał i życie. — Ideał jednostki. — Ideał społeczny. — Ideał religijny. — Wspólnota religijna. — Kult religijny. — Biblia. — Nauka religii. — Religijne wychowanie młodzieży. — Symbole religijne. — Religia a klechy. — Rzut oka wstecz). Cena 3 korony 20 halerzy.

***Kasprowicz Jan.** Chrystus. Poemat społeczno-religijny. Cena 3 korony w oprawie.

***Mańkowski Mieczysław.** U stóp szubienicy. Urywek ze wspomnień więziennych „proletaryatczyka“. Cena 60 halerzy.

***Marks-Engels-Liebknecht.** Odbudowanie Polski. (Zbiór artykułów o kwestyi polskiej.) Cena 2 korony.

***Narkiewicz-Jodko i Szymon Dyksztajn.** Polski Socyalizm Utopijny na emigracyi. (Dwie rozprawy). Cena 1 kor. 20 hal.

**Orkan Władysław.** Herkules nowożytny i inne wesołe rzeczy. (Zbiór nowel). Cena 2 korony.

**Orkan Władysław.** Ofiara. Fragment w 3 aktach z 1846 r. Cena 1 korona 50 halerzy.

**Orkan Władysław.** Wina i Kara. Tragedya w 3-ech aktach. Cena 2 kor.

***Płochocki Leon.** Rosyjskie partye polityczne i ich stosunek do sprawy polskiej. (Treść: Przedmowa. — 1881 — 1903. Rosyjskie stronnictwa polityczne w przededniu wojny. — Stronnictwa rosyjskie wobec sprawy polskiej. — Dodatki). Cena 3 korony.

***Stepniak S.** Losy nihilisty. Romans. Z przedmową Jerzego Brandesa. Cena 6 koron.

**Verhaeren E.** Jutrznie. Dramat społeczny. Przekład Maryi Markowskiej. Cena 2 korony.

* * *

***Gierszyński Henryk dr.** Emigracya i Skarb narodowy. Cena 20 halerzy.

***Luśnia Michał.** Jak się narody rządzą? (Wydawnictwo Związku Postępowej Młodzieży Polskiej z funduszu imienia H. Bukowskiego). Cena 60 halerzy.

***Plechanow.** Anarchyzm i socyalizm. Cena 2 koron 60 hal.

***Rocznik Związku Postępowej Młodzieży Polskiej.** Rocznik I. 1905. Cena 1 korona.

**Rops F.** Porządek panuje w Warszawie. (Wspaniała heliograwura). Cena 7 koron 50 halerzy.

***Zmowa powszechna przeciw rządowi.** (Wydawnictwo Ludowego Koła Oświaty). Cena 30 hal.

Wydawnictwa, oznaczone gwiazdką (*) nabywać można również na specyalnym cienkim papierze).

**Do nabycia we wszystkich księgarniach.**

## Pod prasą i wkrótce wyjdą.

**Jaeckh G.** Historya Międzynarodowego Stowarzyszenia Robotników.

**Promus C.** Powstanie chrześciaństwa.

**Wasilewski Leon.** Rządy konstytucyjne w Zachodnie Europie i Ameryce.







Wydawca odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross.

Z drukarn Józefa Fischera w Krakowie.

די ערשטע צוויי טעג סכות איז דורך נעפיהרט געוואָרען איין הייסער קאַמפף צווישען די פּשעמישלער פֿון 10—15 יעהריגע „בירגער", וועלכע קאָנצענטרירען זיך ביי די „פועלי־ציוניסטען" „ציוניסטען־סאָציאַליסטען", „טעריטאָריאַליסטען" און נאָך וואָס פֿאַר איינע איסטין עס זענען דאָרט דאָ פֿון איין זייט, און די „יודישע פּסיכאָלאָגען" „סעפּעראַטיסטען" „אמת'ע סאציאַליסטען", „פֿערזאַמלונגס צושלעגערס" א. ד. ג. און איינינע אויך נישט עלטערע, וועלכע ווילען האבען איבעראל שיינע פּנים׳ער (ווייל פֿון אונזער פּאַרטיי האָט זיי קיינער נישט געשיקט) פֿון דער אנדערער זייט! דער קאַמפף צווישען די „אַלטע". „ערפֿאהרענע" „בירגער" פֿון צווישען וועלכע עס האָבען ארויס געשטאַרט דריי הויכע אַקאַדעמישע קעפּף איז געווען זעהר שטאַרק און ערנסט. ווייל מען האָט געקעמפּפֿט מיט שטעקענעס! (איין צו בראָכענער שטעקען הענגט ביי די „פּועלי־ציוניסטען" צום אַנדענקונג). דערנאָך איז דער קאַמפף נאָך שטאַרקער געוואָרען און האָט זיך איבערגעוואָרפֿען אויף די גאס ארויס! און פּשעמישל האָט געהאַט די געלעגענהייט צו זעהן איין קאַמפף, פֿון די נייע „קעמפּפֿער" פֿון דער יודישער „אַרבייטער מאַסע"! נאַטירליך האָט איין מיליטער פּאָליציי נישט געוואָלט לאנג צולאָזען און ווי געוועהנליך האָט ער געטראַכט עס זאָל „רוהע" הערשען:

ענדליך נאָך, 10 שטונדיגען קאַמפף האָט די אידעע פֿון דער „יודישער פּסיכאָלאָגיע" טריאומפֿירט, דען עס איז דורך געגאַנגען זייער רעזאָלוציע נענען די „פּועלי ציון".

צו די הערן מאַטוריסטען און נאָך נישט מאַטוריסטען וועלכע אום זייער אינסטיקט פֿון רייסערייען און שימפּפֿערייען (ווייל דאָס הייסט ביי זיי דיסקוסיאָן נאָך צו קומען), שלעפּען זיי אריין אומשולדיגע יונגע קינדער און האַלטען זיי צוזאַמען געדריקט ווי הערינג אין פּאַס שטונדען לאנג, וועלען נאָך לאנג פֿון די אָרגאַניזירטע ארבייטער טאָלערירט ווערען, ווייסט מען נישט. זיי וועלען מענען ווידער ארויסגעבען איין אויפֿ־וף מיט דער אויפֿשריפֿט „פּראָלעטאַריער אלער לענדער פֿעראייניגט אייך". ז...ן.

קאלאמעא.

עס איז אַ טהאַטזאַכע, אַז וואָס מעהר אַ בראַנשע אַרבייטער ווערען אונטערדריקט, אַלץ ענערגישער קעמפּפֿען זיי פֿיר מענשענרעכט.

ווער עס קען נישט די לאַגע פֿון די האַנדעלסאַנגעשטעלטע דעם וועט עס פֿיעלייכט וואונדערן וואָס פּאַסט אין יעדען גום. פֿון די „אַרבייטער צייטונג" לעזט מען פֿון פֿערזאַמלונגען און פֿון דעמאָנסטראַציאָנען פֿון די אַרבייטער וואָס האָבען ביז נישט לאַנג דאס געקנעכטעטע שקלאַווען געפֿיהל זאָגאר פֿיר זייערע שעפּס ניכט אונטערדריקט. ווי איין דונער שאַלט יעצט אין גאַנץ גאַליציען דער מעכטיגע רוף, דאס רעכטליכע פֿערלאַנגען אום די 9 אוהר שפּערע. פֿאַלט עס יעמאַנדעם פֿון דער נאָבלע געזעלשאַפֿט אויף ווען מען קומט אום 12 אוהר ביי דער נאַכט אין איין געשעפֿט און מען זעהט זיך אָן די יונגע יעמערליכע קינדער, וועלכע בילדען יעצט די גרעסטע צאָהל פֿון די האַנדעלסאַנגעשטעלטע, זייער יעמערליכעס אויסזעהען, זייערע פֿערשלאָפֿטע גלידער אי׳ן זייערע פֿערשלאָפֿענע אויגען. וועמען רייסט עס נישט ביים הארץ. זאָגאר ערלויבען מאַנכע שעפֿ׳ס נישט די אָרעמע קינדער פֿערזוכען די אבענדקורזען, ווייל זיי זענען חשובים און ווייסען, אז זיי וועלען קיין שטראָף נישט האָבען. אָבער די האַנדעלסאַנגעשטעלטען האָבען שוין צו לאַנג זייערע שקלאַווען קעטען געטראָגען. אזוי זעהען מיר די האַנדעלסאַנגעשטעלטען זיך אָרגאַניזירען און פּאַסט יעדען אָבענד פֿערטרויליכע פֿערזאַמלונגען אָבהאַלטען. דיעזען שבת האָט שטאַטגעפֿונדען א פֿערזאַמלונג צו וועלכער די האַנדעלסאַנגעשטעלטען האָבען צוגענעבען איינינע קויפֿלייטע, ווי אויך האָבען זיי איינגעלאַדען דעם געווערבע־קאָמיסער, דעם הערר בושינסקי. אין א וואונדערבארע רעדע האָבען די געגאָסען אוסטער אונד הערער געשילדערט די לאַגע פֿון די האַנדעלסאַנגעשטעלטע, די קויפֿמאַנשאַפֿט, וועלכע האָט זיך געלאָזט פֿערטרעטען דורך הערן העלווינג אונד רייזמאַן זענען מיט דער 9 אוהר שפּערע איינפֿערשטאַנדען. דער געווערבע קאָמיסער הערר בושינסקי האָט געראַטהען די פֿערזאַמעלטע האַנדעלסגעהילפֿען וועלכע האָבען די לאָקאַלימעטען אים אַרבייטער הויזע איבערפֿילט, א קאָמיטע צו וועהלען אונד די קויפֿלייטע וועלען זיך אויך לאָזען פֿערטרעטען און דער קאָמיסער ווירד ביידע פּאַרטייען פֿעראייניגען, די געגאָסען האָבען עס אָנגענומען.

בעזאָנדערס זענען דאַראַן געלעגען צוויי קויפֿלייטע, הערר ראַמלער און הערר עלסטער. דער ערשטער איז ארומגעגאַנגען פֿאַן געשעפֿט צו געשעפֿט און האָט די קויפֿלייטע ערקלערט אַז זיי בענעהען א פֿערברעכען אָן די בורשען, ווען זיי וועלען די בורשען אום 9 אוהר בעפֿרייען, ווייל זיי וועלען אויסגעלאַסען ווערען. עס איזט נאָך צו בעמערקען, אז דער הערר ראַמלער שטערט זיינע בורשען די געווערבע שוהלע צו בעזוכען. הערר עלסטער האָט זאָגאר געגאָסע קנאַל אָנגעצייגט, אַז ער איזט סאָציאַלדעמאָקראַט. דיעזע הערין האָבען זיך דורך דעם הערר נאָדלער פֿערטרעטען לאסען, וועלכער האָט בעהויפּטעט, אז עס איזט ניכט מעגליך די 9 אוהר שפּערע צו געוועהרען. מען האָט איהם אויסגעלאַכט. נאָך אָבזינגען פֿון „שטשערוואָני שטאַנדאַר" איז זיך די פֿערזאַמלונג אויסאַנאַנדער געגאַנגען.

בעשרייבענדיג די ערשטע טעג קען איך נישט פֿערשוויינען וועגען די אונטערנעהמונג, וועלכע האָט פֿון ערשטען טאָג אָן פֿערנומען אַלע אינזערע נערדאַנקען און אַנגעשטרענגט אונזערע נערוועןֹ; מיט די אונטערנעהמונג איז געווען אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפֿען פֿון די פֿעראורטהיילטע צום טוידט און פֿון 2—3 קאַטאָרזשניקעס.

דער געדאַנק איז נאָך אויפֿגעקומען אין דער צייט פֿון משפּט, נאָר די שמירה איז געווען אין דער צייט אזוי גרויס אין ציטאַדעל און אָרום דעם X פּאַווילאָן, אַז עס איז געווען שווער צו רעכענען אויף אַ ערפֿאָלג.

יעצט מיט דער ענדע פֿון משפּט איז דאָס לעבען אריין אויף דעם געוועהנליכען גאַנג, געלעגענהייטען זענען געווען וואָס מעהר גינסטיגערע.

אונזער פּלאַן איז געווען פֿאָלגענדער: דער קאָרידאָר, אין וועלכען מען האָט אונז אַלע פֿערמשפּט'ע אריין געזעצט, איז געווען אויף דעם ס־שטען שטאָק פֿון דער ווייכסעל זייט, מיט דער לענג פֿון אונזער קאָרידאָר איז געווען אַ וואָהנונג פֿון א אַ מיליטערישען אינזשיניער, אָבטהיילענדיג אונז מיט א אויסערליכע מויער. פֿון זיין וואָהנונג האָט געפֿיהרט אײ׳ן אויסגאַנגס פּלאַץ, נישט געהיטעט פֿון וואַכען. ווען אונז וואָלט זיך איינגעגעבען ארויס צו קומען אויף דעם בוידעם, וואָס איז געווען איבער אונזערע צעלען, פֿון דעם בוידעם איבער דעם אינזשיניערס וואָהנונג וואָלט אונז נאָר אָבטהיילען אַקליינע פֿייער מויער. אין פֿאַל, ווען אין פֿייער מויער זאָל נישט זיין קיין עפֿנונג, וואָלטען מיר געקענט מיט דער הילף פֿון אונזערע כלים, געגוג שנעל דורכהאַקען אַ לאָך, וואָס וואָלט געניגענד געווען אַדורך צו געהן אויפֿ׳ן בוידעם, פֿון וועלכען מען וואָלט נאָר געדאַרפֿט געהן פֿון די טרעפּען אַראָפּ, ווען עס וואָלט זיין אויף דעם בוידעם צוגעשלאָסען די טהירען, אַזוי איז נישט שווער מיט אַ שאַרפֿען שטאָמאייזען אייסשניידען אַ עפֿנונג און פֿון דאָרט קען מען אריין אין דעם קאָרידאָר פֿון אינזשיניערס וואָהנונג.

אין ציטאַדעל האָבען מיר געהאַט אָפֿיצירען — רוססען, וועלכע וואָלטען אונז פֿערלייכטערט דאָס ארויסקימען אויף די פֿריי, זיי וואָלטען געקענט איינריכטען אַזוי, אַז אין דעם אָפּגעזעדטען טאָג זאָל דער אינזשיניער ערגיץ אין וואַרשע שפּילען אי׳ן קאַרטען און זיין „דענשטשיק" זאָל אויך נישט זיין אין דער היים. אַ דאנק דעם וואָלטען מיר געקענט וואַרטשאַפֿטען אין קאָרידאָר אויף דעם ערשטען שטאָק אָהן יעמאַנדס אויפֿמערקזאַמקייט.

פֿיעל קליינינקייטען לאָז איך דאָ אַדורך. אָבוואָהל אין יענער צייט האָבען זיי געהאַט פֿאַר אונז אַ בעדייטונג, היינט זענען זיי אָבער אונז נישט אינטערעסאַנט.

אין איינינע טעג נאָך דעם משפּט, האָבען מיר שוין געהאַט אַ זענעל. אַ שטאָמאייזען, אַ רעוואָלווער און אַנדערע כלים, אַ לאַמטערעל האָב איך אַליין געמאַכט אויס אַ פֿלעשיל. איך האָב איבערגעשניטען מיט אַ שנירעל דאס העלזעל און דנאָ, דאס פֿלעשעל האָב איך ארומגעקלעבט מיט טוך, אזאַ לאַמטערעל האָט אונז געגוצט אום צו העלפֿען ביינאַכט אויפֿ׳ן בוידעם און גלייכצייטיג נישט אויפֿוועקען מיט דעם ליכט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער וואַך.

מיר האָבען בעשטימט צו מאַכען איין עפֿנונג אויף דעם בוידעם פֿון די צעלע, וועלכע איך האָב פֿערנומען מיט באַרדאַוסקין, דאָס איז געווען אַם שווערסטען, נאָך מעהר, ווייל אין קאָרידאָר איז געווען פֿיעל סאָלדאַטען און צוויי זשאַנדאַרען, וועלכע האָבען געקענט דערהערען דאָס זעגען, דאס לאָך אין סופֿיט האָט מען געדאַרפֿט מאָכען אַזוי, אַז די זשאַנדאַרען, וועלכע זענען ביימאָג אריין געגאַנגען צו אונז אין דער צעלע, זאָלען דאָס נישט בעמערקען.

פֿיעל פֿון אונז האָבען דאס בעטראַכט אַלס אונמעגליכעס. איך ווידער, וויענדיג אַ טישלער און אַרבייטענדיג פֿאַרטרעפֿליך אין אַלע איינצעלהייטען, האָב בעטראַכט דאס פֿאַר אויספֿיהרליך, באַרדאַווסקי, צי ער האָט געגלויבט אין מיין געשיקטקייט, צי ער איז געווען איינשטימיג מיט די פּראַקטיק פֿון מיינע פּראָיעקטען, גענוג איז, אַז ער האָט אימער ארויסגעהאָלפֿען.

פֿאַר אונזערע צייטען איז אין די צעלען דער סופֿיט נישט געווען אַזוי גלאַטיג ווי יעצט, נאָר ער איז בעשטאַנען פֿון צוויי רייהען ברעטער, וועלכע זענען געווען צוגעשלאָגען איינע אויף די אַנדערע אַזוי, אַז די ברעטער פֿון איין רייהע האָט מען געזעהן אין די גאַנצע לענג און אין דער ברייט און די צווייטע רייהע ווידער האָט מען געזעהן אין דער טיפֿקייט. דיעזע ברעטער ווי אויך די ווענ־

די גריללען קלאַפּען נאָכאַנאַנד
דעם אומעט צו פֿעריאָגען,
אין פֿ־ענגען אלע ווילע זיך:
ווען הויבט שוין אָן צו טאָגען...

פֿון דעם נעבעלדיגען פֿלאָנטער,
אין דעם מאָרגענליכט דעם קאלטען,
וויקלען לאַנגזאם זיך פֿאנאנדער,
שאַרפֿע בולט'ע געשטאלטען...

רויט און רויטער ווערט דער מזרח,
צינד פֿאנאנער זיך ווי צונטער,
און ארום די לאַנדשאַפֿט טרייסעלט
ביסלעכוויים דעם שלאָף אַרונטער...

ס'הויבט די וועלט זיך אָן צו ריהרען
העללער טאָג זיך נעמהט בעוועגען,
ס'הערט דאס הירזען פֿון א פֿערד זיך,
ערגעץ שפּאַנט מען שוין די וועגען...

אָט שוין קומט די זונן און קלעטערט
אויף איהר אויר־דינען לייטער...
מיילענווייז אין ליכט און שיממער
ליעגט דער טאָהל א'ן אויסגעשפּרייטער...

נאָר די בערג־אַריסטאָקראַטען
אונטער בלויע נעבעל־דעקען
שלאָפֿען נאָך... די שטראַהלען האבען
ניט די חוצפּה זיי צו וועקען...

יהואש („פֿאַרווערטס").

---

# פֿון פּראָווינץ.

פּשעמישל.

מאָנטאָג דעם 16 ד. מ. האָט אונזער פּאַרטיי איינבערופֿען א פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג מיט דער טאָגעס אָרדנונג: „דאָס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהלרעכט צום פּאַרלאַמענט און לאַנדטאַג". טראָצדעם וואָס אייניגע געמיינע און נידערטרעכטיגע אינדיווידיאומס, וועלכע מען האָט נאָך נישט געקענט אויסזוכען, ווער זיי זענען, האָבען אויף די אַפֿישען אויפֿגעקלעבט ווייסע שטרייפֿען, אז די פֿע־זאַמלונג וועט שטאַטפֿינדען ערשט אַם 27, און טראָצדעם וואָס עס האָט גערעגענט, איז דאס מאַגיסטראַט זאַל געווען פֿערפֿולט מיט אַרבייטער און אייניגע אינטעליגענץ. אלס רעפֿערענט האָט געשפּראָכען גענ. מעלען. אין איין שטונדיגער זאַכליכער רעדע האָט ער אויסגעוויזען די טהעטיקייט פֿון דעם לאַנדטאַג און פּאַרלאַמענט. דער רעדנער האָט מיט איין שאַרפֿער קריטיק גענען דעם שלאַכעצקא „קולאָ פּאָלסקע" מיט זיין אַנפֿירער גראַף דזיעדושיצקע אַרויסגעטרעטען און צולעצט האָט גענ. מעלען מיט איין שענעם ביישפּיעל האַראַקטיזירט די רעגירונג מיט דעם האָף לאָקיי באַראָן גויטש. די רעדע פֿון גענ. מעלען, וועלכער האָט דאָס ערשטע מאָל ביי אונז אַרויסגעטרעטען האָט זעהר איין גרויסען בייפֿאַל געהאַט. אלס צווייטער רעדנער האָט ערגריפֿען דאָס וואָרט גענ. ד"ר ליעבערמאַן, וועלכער האָט מיט זיין רעוואָלוציאָנערישען גייסט די פֿערזאַמלטע אויפֿגעריהרט, אז מען האָט גע־קענט פֿון די געזיכטער אויסלייענען דאָס זיי האָבען זיך צו געשוואָרען, אז זיי וועלען נישט רוהען ביז זיי וועלען דאָס אַלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואַהל־רעכט אויסקעמפּפֿען.

נאָך דער פֿערזאַמלונג האָט די מאַסע צוזאַמען דעמאָנסטרירט דורך דעם רינגפּלאַץ. און אויף דער פֿראַנציסקאַנער גאַס איז צום ערשטען מאָל אין פּשעמישל א רויטע פֿאָהן פֿערנאַנדער געוויקעלט געוואָרען, אלס צייכען אז דער קאַמפּף פֿאַר דעם רעכט פֿון פֿאָלק איז אין אונזער שטאָדט אויפֿגענומען געוואָרען און אז די אַרבייטער פֿון פּשעמישל זענען גרייט צום קאַמפּף און וועלען נישט רוהען, עס זאָלען אויך דאַרפֿען אָפּפֿער די אַרביי־טער מאַסע קאָסטען! דער דעמאָנסטראַציאָנס צוג איז דורך די הויפּט־גאַסען דורך מאַרשירט ביז צום לאָקאַל פֿון די אַרבייטער פֿעראיינע וואו גענ. מעלען האָט נאָך אַמאָל איין קורצע רעדע געהאַלטען און האָט ערזוכט מען זאָל זיך רוהיג צונייען און מען זאָל זיין גרייט צום קאַמפּף, ווייל דאָס איז ערשט דער אַנ־פֿאַנג: די ליעבליכע פּאָליציי האָט זיך דאָס מאָל נישט אַריין געמישט, איז טאַקע דאַדורך קיין אייציגע „בראַוועריע" נישט געווען.

---

# פֿעליעטאָן.

סססס

מיעטשיסלאַוו מאַנקאַווסקי

## אונטער די תּלִיָה.

(זכרונות פֿון געפֿענגנים).

---

(I. פֿאָרטזעצונג).

אין דער צעלע האָב איך געטראָפֿען אַלע פֿעראורטהיילטע צום טוידט און אייניגע קאַטאָרזשניקעס, אויף אַלעמענס פּנים'ער איז געווען א פֿרייד פֿון דעם בעגעגנען זיך, און ווען עס וואָלט יעמאַנד — נישט וויסענדיג די ריכטיגע לאַגע — אַריין געגאַנגען אין די גרויסע צעלע, וואָלט איהם נישט איינגעפֿאלען, אז עס געפֿינט זיך דאָרט זעכס מענשען, פֿעראורטהיילט צום טוידט.

מיר אַלע קאַטאָרזשניקעס, האָבען זיך אונטערגעוואָרפֿען עפּעס אינסטינקטיוו צו די אַטמאָספֿער־פֿרייד, פֿון דעם זעהען זיך און מיר האָבען אינטערדריקט די שרעק, וועגען דעם שיקזאַל פֿון די חברים. ווען עס וואָלט עמיץ מיינען, אז מיר האָבען דעם טאָג, אָדער שפּעטער ערפֿרייט די פֿעראורטהיילטע, וואָלט ער זיך זעהר טועה זיין.

עס איז גראד געווען פֿערקעהרט.

דער הערצליכער און צערטליכער קוניצקי, האָט זיך צו אונז געווענדעט אַזוי, ווי ער וואָלט אונז וועלען טאַקע ערפֿרייען.

באַרדאָווסקי האָט פֿילאָזאָפֿירט, ער האָט מיט הומאָר ערקלעהרט, ווי די ריכטער האָבען פֿערגעסען, אז אלע מענשען זענען פֿעראורטהיילט צום טוידט, נישט אויסשליעסענדיג זאָגאַר די פּולקאָווניקעס; און דאָס איינער וועט שטאַרבען פֿריהער, דער צווייטער שפּעטער, דאָס איז א נאַרישקייט, וועגען וועלכען עס לוינט נישט צו רעדען.

און ווי אַלע, ווען זיי האָבען וועגען וואָס בעדויערט, איז גאָר דאָס געווען, אז זיי האָבען ווייניג וואָס געטהון פֿאַר די רעוואָלוציאָן; שמאוס, פּיעטרושינסקי און אָססאָווסקי האָבען צוגעגעבען, אז דאָס איז נאָך מעהר שאדע, וואָס די רעגירונג קען זיי גאָר נישט מעדר טהוען, נאָר בלויז אויפֿהענגען.

איך געדענק נאָך פּיעטרושינסקיס ווערטער: „עס איז לייכטער צו שטאַרבע מיט איבערצייגונג. ווען עס האָט זיך געאַרבייט אַסאך.... מען דאַרף געדענקען וועגען דעם, אז דאָס רעוואָלוציאָנערע לעבען פֿיהרט אימער אויף די תליה א מענשען, וועלכער האָט כמעט גאָר נישט געטהון פֿאַר די רעוואָלוציאָן און די זעלבע קאַפּריזנע פֿאַליע וואַרפֿט אַרויס אויף די טריקעניש כמעט אונבעשעדיגטע רעוואָלוציאָנערען, וואָס נישט איינמאָל האָבען זיי געקוקט דרייסט דעם טויט אין די אויגען אַריין... ביישפּילען — איז דאָ זאָגאַר פֿיעל".

אונז קאַטאָרזשניקעס האָט דאָס געפֿיהל פֿון ערעלקייט כנינע צו די פֿער־אורטהיילטע נישט ערלויבט זיך אוים צו שפּרעכען אין די פֿראַגע, נאָר אין אונזערע אויגען האָבען זיי זעלעזען הערליכקייט און ליעבע.

די — פֿון די רעגירונג אויסגעקליבענע קרבנות — האָבען פֿערדיענטזייערע דאָרנען־קרענצע.

*

* *

די ערלייכטערונג, וואָס די געפֿענגנים אַדמיניסטראַציאָן האָט געמאַכט נאָך דעם בעשולדיגונגס אַקט די צייט פֿון סאָנד, האָבען זיך אויסגעוויזען צו פֿער־גרעסערען, מיר האָבען געקענט זיצען צוזאַמען אין איין צעלע, מיר האָבען געקענט וואוינען מיט וועמען איינער האָט נאָר געוואָלט, געהן צו וועמען איינעם האָט זיך געגלוסט, די זשאַנדאַרען האָבען צוגעמאַכט אונזערע צעלען. אָבער זיי האָבען אויך אויפֿגעמאַכט אויף יעדענס פֿערלאַנג און אויף שפּאַציער זענען מיר געגאַנגען גרופּענווייז.

פאליטישע פערברעכער! די ארבייטער האבען איהם נוט גענעפערט, אללע אנוועזענדע האבען איינגעזעהן זייער רעכט. נאר אז מען זוכט געפינט מען. מען האט זיי פעראורטיילט פון 5 — 14 טעג. זאלכע ברוטאליטעטען קעננען פארקימען נור אין א גאליצישען געריכט. זעהר אינטערעסאנט איז געוועזען די פערטיידיגונגס רעדע פון דר. אלטער. אין קלארע אונד שענע ווערטער האט ער געצייגט ווי אונרעכט מען בעהאנדעלט די ארבייטער אונד ווי גענעצלאז זיי זענען. ער האט געצייגט דאס פרעכע בענעהמען פון אונזערע זשאנדארמען. ער האט געצייגט, אז די ארבייטער האבען דאס רעכט געהאט איבער זייער אונטערדרוקונג צו פראטעסטירען, ווייל זיי האבען פערלאנגט, אז מען זאלל זיי מענשליך בעהאנדלען, אזוי ווי מען מוז נאך ציינגען ווי בלינד מענשען קעננען זיין. אין די פאבריקען זענען דא מייסטער, וואס סארטירען די האר. זיי בעהאנדלען די ארבייטער אזוי ווי די העררן קאפיטאליסטען, זאלכע אונטער לעקערס, זיי ווילען שמייכלען דעם קאפיטאליסט; זיי זענען בלינד אונד זעהען נישט, אז זיי זענען אויך אונטערדריקט, זיי זעהען נישט, אז זיי זעננען נור מיטטעל פאר דעם געלד. זיי אויך האבען געדיענט אלס בעלאסטונגסציינגען נעגען די ארבייטער. אבער מיר ארבייטען מיט אללע קרעפטען, אז די ארבייטער זאללען ווערען קלאסען בעוואוסט אין פערשטעהען, אז נור אונטער דער רויטער פאהן פון דעם סאציאליזמוס קעננען זיי נעהאלפען ווערען.

ש. ש.

---

# כראניק.

## א הומאריסטישע פערזאמלונג.

געהענדיג אויף די יודישע פאלקס פערזאמלונג, וועלכע די „יודישע סאציאל-דע-מאקראטישע פארטיי" האט צונויפגערופען, האבען מיר זיך אליין ניט גערעכט, אז מיר וועלען זיך דארט אזוי גוט ווילען. 6 חדשים האט די „פארטיי" געוואַרט אין קראקוי איידער זי האט צונויפגערופען די ערשטע עפענטליכע פערזאמלונג און — מיר זענען מודה ומתודה, מיר האבען די „פארטיי" אסך ערנסטער גענומען ווי זי האט זיך אויף דער פערזאמלונג ארויסגעוויזען. נור לאמיר געבען א בעריכט בקצור. נאך א גרויסער אגיטאציאן, נאך ריעזיגע גרויסע רויטע פלאקאטען האבען זיך שבת, דעם 14-טען צו-נויפגעזאמעלט אין זאל פון האטעל עטליכע צעהנדליג עלטערע ארבייטער און „ציע-קאווע", וועלכע זענען אבער גאר איינפאך דערטרונקען געווארען אין א ים פון יוגענד-ליכע: יונגלעך און מעדלאך, משני עשר ולמעלה פון אלע „פארטייען". איידער די פער-זאמלונג האט זיך אנגעפאנגען האט מען געטהיילט אנ'אויפרוף פון „בונד"-געגען... דער רוסישער רעגירונג. ווי געוועהנליך האט מען פון יוצא געוועזען אוועקגעשטעלט אויף 4 מינוט א זשארגאנישען רעדנער, ה' בלום, (געגען וועמען פערזעהנליך האבען מיר גאר ניט. דעם זונטאג, אויף דער דעמאנסטראציע האט ער בעוויזען, אז ער איז א גאנץ טיכ-טיגער געגאסע). ווייטער איז אלעס געגאנגען אין פייליש. נור וואס איז געוועזען הומאריס-טיש, איז די איילעניש מיט וועלכער די סעפאראטיסטען האבען אבגעפערטיגט די פער-זאמלונג. מיר זענען אים שטאנד געגוי צו זאגען ווי לאנג עס האט געדויערט: ה. גראסמאן 3 מינוט, די מחלוקית איבער דאס פרעזידיום 10 מינוט; ה. בלום 3 מינוט, ה. בראסס 15 מינוט; א ציוניסט און נאך א מאל בראסס 5 מינוט, די „שבועה" א פאר מינוט. צוזאמען קנאפע דריי פיערטעל שטונדען. איין געגאסע האט וויטציג געשטעלט אנ'אנטראג, דאס וואהל-רעכט זאלען האבען יונגלעך אלע גלאך פון 16-טען יאהר און מיידלעך פון 14-טען. דער פאקט, אז אין דער יודישער בעוועגונג נעהמט א טהייל א קליינע צאהל דערוואקסענע ארבייטער איז ניט ספעציעל קיין גאליציאנער קרענק. דאס זעלבע איז אין רוסלאנד. אין די רעוואלוציאנערע קרייזען האט וועגען דעם זאגאר קירסירט א וויטץ: פאר וואס האט דער „בונד" — האט מען געפרעגט — אזוי ווייניג רעאגירט געגען דער מאבילזאציאן? — ווייל די מאבילזאציאן ריהרט דעם „בונד" פאקטיש ווייניג אן. ווייל א בונדאווער ווערט ער ווערט אלט 20 יאהר, אלס אנ'אמת'ער רעוואלוציאנער געהט ער ניט דיענען און עמיגרירט. דאס איז איינע פון די שרעקליכסטע טראגעדיעס פון „בונד" אין רוסלאנד. דאס האט געבראכט דערצו, אז דער „בונד" האט שוין איצט מעהר אנהענגער אין אמעריקא ווי אין רוסלאנד. אבער אין רוסלאנד פיהרט זיך א גרוליכע פאליטישער קאמפף, וואו עס פאלען אזוי פיעל קרבנות. די קויל פון רוסישען זעלנער טויט אלץ איינס א יונגען ווי אנ'אלטען. אין גאליציען אבער, וואו די בעוועגונג איז א רוהיגע, א קאנסטיטוציאנעלע, — קען א פארטיי וואס שטיטצט זיך הויפטזעכליך אויף 16-יעהריגע יונגלאך און 14 יעהריגע מיידלעך נור מאכען לעכערליך א-לעס צו וואס זי לייגט נור צו איהר האנד. און דאס האבען מיר געזעהען אויף דער פער-זאמלונג. מיר מיינען, אז די סעפאראטיסטישע פיהרער וועלען אליין איינזעהען, אז נאכמאכען אין גאליציע דעם „בונד" הייסט נאר פשוט טאכען חווק אי פון זיך אי פון „בונד". מען קען זינגען די „שבועה" צונויפרופען „קאנגרעסען", זאגאר ארויסגעבען צייטונגען, דערצו אלעם דארף מען קיין מעטריקע ניט. אבער שטימען וועגען אלגעמיי-נעם וואהל-רעכט דארף מען אלט זיין איין און צוואנציג יאהר...

---

# פון טעאטער.

## „די יודען". א דראמע אין 4 אקטען פון ע. טשיריקאוו.

איבערזעצט פון י. וואסערמאן.

וועגען „די יודען" האבען מיר ניט לאנג געשריעבען אויספיהרליך. מיר וועלען זיך דעריבער איצט האלטען קורץ. „די יודען" האבען צוויי חסרונות: פון דער פילאסעמיטישער ליטעראטור און פון דער „פאגראמען"-ליטעראטור".

---

באַרדאוסקי קוקט ענטציקט אויף די אונגלויבינע.

א פערמאטערטער נעה איך אראפ פון אויוען, מען קושט מיך פאר פרייד. אויף היינט איז די ארבייט געענדיגט און מארגען וועט מען ווידער מוזען אויפסניי אדורך זענען די פאדלאגע פון בוידעם, ארויף געהן אויף'ן בוידעם און ווייטער זיכען א אויסגאנג:

און טאמיר וועט מארגען זיין צו שפעט!... דאס הארץ האט זיך צוזאמענ-געפרעסט פאר שמערץ.

* *

*

די נאכט איז אדורך שטיל.

באַרדאוסקי האט פריילעך ערוואכט. פול מיט האפנונג, ווייל קוקענדיג ביי די ליכט אויפ'ן סופיט, האט ער זיך איבערצייגט, אז מען זאל אפילו זאגען די זשאנדארמען, אז אין אונזער צעלע איז דא א לאך — וואלטען זיי דאס נישט גלויבען: אזוי קונסטליך איז געוועזען געמאכט דער אויסגאנג.

אין נעכסטען אבענד האב איך אויסגעזאגט אין עפנונג אין דער פאדלאגע פון בוידעם, זאמד האט זיך אנגעהויבען שיטען אויף מיין קאפף און א קאלטער ווינד האט געבלאזט אויף מיר, ערפילענדיג מיין הערץ מיט א געפיהל פון פרייהייט.

מען האט נאך נעדארפט אויפדעקען נאך א ברעט, אראפווארפען דאס זאמד, אום מען זאל האבען א פרייען אויסגאנג פון די צעלע אויף'ן בוידעם ארויף.

נישט מערקענדיג אויף דעם ערפאלג, איז בעשלאסען געווארען א צייט אויפצוהערען צו ארבייטען.

קוניצקי האט פון אנהויב געזאגט, אז ער וויל בעסער ווערען אויפגע-האנגען, איידער נעהרנ'ט צווערען אין אנטלויפען. „תליות זענען אויך אונז נעטהיג — האט ער געזאגט — און מען דארף נישט פערערגערן די לאגע פון דעם, וועמעס אורטהייל איז נאך נישט בעשטעטיגט"

דורך אונזערע בעקאנטע'ס פריינדשאפט מיט די ריכטער האבען מיר ווי אויך קוניצקי געוויסט אלע איינצעלהייטען פון אונזערע אורטהיילע.

די מעהרהייט פון די ריכטער האבען זיך לאנג געוויינערט צו פעראור-טהיילען וועמען עס איז פון אויף הינריכטונג, יעדאך אונטער דעם דרוק פון סטרעלניקאוו'ען אין פרידעריקס'ען האבען זיי „נאכגעגעבען" אין האבען ערקענט פאר מענליך פעראורטהיילען אויף טוידט בלויז קוניצקין. פרידעריקס זעהענדיג, אז ער קען גאר נישט אויספיהרען האט ער ארויסגענומען פון טאש הורקא'ס בע-פעהל אין האט געוויזען די ריכטער; הורקא האט קאטעגאריש פערלאנגט, עס זאלען זיין זעקס טוידעס-אורטהיילען.

נאך דעם איבערלעזען פון דעם דאקומענט האט פרידעריקס און הויפט-זעכליך סטרעלניקאוו פערשטעהן געגעבען די ריכטער וועגען זייערע קאריערעס אין האט זיי איבערצייגט, אז זייער אורטהייל האט קיין מאכט, ווייל דער צאר מוז ערשט געבען א בעשטעטיגונג. „איך בין איבערצייגט — האט געזאגט פרידע-ריקס — אז דער מאנארך וועט וועלען ווייזען די פעראורטהיילטע זיין גנאדע. דאס געריכט דארף ביי איהם דעריבער נישט אוועקנעהמען די מעגליכקייט".

פערטרויעט אין די קייזערליכע גנאדע.... האבען די ריכטער ארויס געגעבען זעכס טוידטעס אורטהיילען.

אלע איבריגע האט מען פערלייכטערט דעם טוידטעס אורטהייל אויף צוויי שטופען — אויף מעהר האבען זיי נישט געהאט קיין רעכט, מיט די אויסנאהם פון די מינדעריעהריגע, וועלכע מען האט פערלייכטערט אויף דריי שטופען.

וויסענדיג דאס אלעס, איז קוניצקי געוועזען זיכער, אז מען וועט נאר איהם אליין הענגען און די אנדערע וועט מען דעם טוידטעס אורטהייל אויסטוישען אויף קאטארגע.

(פארטזעטצונג פאלגט).

אם 15 ד. מ. אום 3 אוהר נאַכמיטאגס האָבען מיר א פּאָלקספערזאמלונג אים שטעטישען פּאווילאָן אָבגעהאַלטען מיט דער טאגעסאָרדנונג: 1) דאָס אַלגעמיינע און דירעקטע וואַהלרעכט. 2) דער יקרות. די פּערזאמלונג איז געווען שטאַרק בעזוכט. גענאָסע אוסטער האָט אין א פייערדיגער רעדע קריטיזירט דאָס פאָרגעהען פון מיניסטער גויטש. נאָך איהם האָט געשפּראָכען ד״ר טרילאָווסקי (ראדיקאל) און דאן גענאָסע הערער. צום שלוס האָט גענומען דאָס וואָרט נאָך גענ. אוסטער. ער איז עטליכע מאָל פון קאָמיסער אונטערגעבראָכען געוואָרען. נאָכהער האָט זיך אינפאָרמיט א גרויסער צוג צו א דעמאָנסטראציאָן און אונטער זינגען פון „טשערוואָנע שטאַנדאר" איז מען דורך געגאַנגען די שטאדט. צו צוזאמענשטויסע איז ניכט געקומען.

הערמאַן פוכס.

זבאראזש, דעם 14=טען אקטאבער.

די סאָציאליסטישע בעוועגונג אין גאליציען, וועלכע פערשפּרייט זיך פון שטאָדט צו שטאָדט מיט א עלעמענטאַרע נויטוועגדיגקייט האָט ארומגענומען אויך די אַרבייטער פון דער זבאראזש אי די יודישע, אי די קריסטליכע. די פערהעלטניסע פון דער ארבייט און די שכירות פון די היגע אַרבייטער שטעהט ניעדריגער פון די פאָדערונגען פון אַנ'ארבייטער, וואָס אַרבייט אין א גרעסערע גאליצישע שטאָדט. די אַרבייט דויערט פון 5 אין דער פריה ביז 10 ביי דער נאַכט אין ווארשטאַטען, וועלכע געפינען זיך אין ענגע נאָרעס, וואו מען זעהט א קיילעכדיגען יאָהר די זון ניט אָן. און די שכירות פאַר דעם 16־ען שטונדיגען ארבייטס־טאָג זענען זעהר קליינע. פון 14־טעגיגען קינדיגען ווייס מען נאָך אין זבאראזש ניט.

עס איז דעריבער קיין וואונדער, אז די היגע ארבייטער האָבען בעשלאָסען צו געהן נאָך'ן ביישפּיעל פון די ארבייטער פון די איבריגע שטעדט און פאַרלעגען אַנ'אָרגאַניזאציע, וועלכע זאָל אויסבעסערען וייער לאגע. פאַר דריי וואָכען האָט מען פאַרלעגט א צאהלונגס־סטאציע פון דעם טארנאפּאַרער פעראיין „פּאָסטעמפּ". שבת, דעם 14־טען אָקטאָבער האָט שטאַטגעפונדען א פערטרויליכע אַרבייטער פערזאמלונג, אויף וועלכער גענ. וו. און סטרוזש פון טאַרנאפאל האָבען רעפערירט איבער די ציעלען און פאָדערונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע און האָבען גערופען די אַרבייטער, ווי זאָלען איינטרעטען אין די אָרגאַניזאַציאָן.

מען קען האָפען, אז די גענאָסען פון זבאַראזש וועלען זיך סטארען מיט אלע קרעפטען צו שאפען א שטאַרקען פאַרפּאָרסטען פון סאָציאַליזמוס.

בראָדי דען 13/X 1905.

ווער עס איז נישט געווען אין די פינסטערע טיפע קעלער'ן וואו הונדערטער אַרבייטער פערברענגען זייערע יאָהרען אין נאָטה אונד עלענד ביי דער געזונדהייט־צערשטערענדער ארבייט פון פפערדע אונד שוויינהאר, דער האָט נישט געקענט פערשטעהען ווארום פיעל פון די אַרבייטער האָבען איין מאָל געוואָלט זיך בעפרייען פון דעם הארטען יאָך פון די אינטער דריקער אונד אויסבויטער.

איך וויל אין קורצען שילדערן ווי איינען שווערע אונד האַרטען קאַמפף אונזערע אַרבייטער מוז געגען איהרע אויסבייטער פיהרען. דעם גאנצען יאָהר ארבייטעט מען נור איינינע מאָנאטע, די גרעסטע צייט פון דעם יאָהר גייען זיי ארום ליידיג אונד האָבען גאָר נישט וואָס צו טהון. די היעזיגע אַרבייטסגעבער וואַרטען אָב צו פליים די צייט ווען די נאָטה אונד עלענד איז אם העכסטען געשטיגען. דאמאלס עפענען זיי זייערע פאַבריקען אונד בעפאַנגען אַרבייטער. דיעזע זענען געצוואונגען אום יערען האַנדעלאָהן יעצט צו אַרבייטען כדי זייערע פרויען און קינדער זאָללען נישט שטאַרבען פאַר הונגער. דער פאַבריקאַנט וואָס ניט זיי אַרבייט טראַכט אז די אַרבייטער זאָללען מיט אַלע זייערע קרעפטען אַרבייטען, ער טראכט די אַרבייטער ווי אממייסטען אויסצובויטען. זאַ איין אַרבייטס געבער וואוינט אויך ביי אונז אין שטאדט מיט דעם נאמען לעאָן באַלאַבאן. אויך ער האט זיינע אַרבייטער אזוי אונטערדריקט, אז זיי האָבען שוין די קראפט אונד אויך זייער געדולד פערלאָרען. אונד ווען דער הער לעאָן באַלאַבאַן האט דערוואַנט מאַנכע אַרבייטער ארויס וואַרפען האָבען אלע איינגעשטעלט די אַרבייט אונד האָבען געגען איינע זאלכע ברוטאליטעט פראטעסטירט. דער פאַבריקאַנט מיט זיין שלעכטען געוויססען האָט הערכיינגערופען זשאנדארמען אונד פּאָליציי. ווער קען נישט אונזערע זשאנדאַרמען? עס האט זיך פאַר זיי געטראָפען א ביסעלע אַרבייט. אָבוואָהל דער פראָטעסט איז געווען א רוהיגער, האָבען די זשאנדאַרמען אָנגעהויבען די אַרבייטער שלעכט צו בעהאנדלען. ווען איינער האָט שוין נישט געקענט אויסהאַלטען זייער פראוואקאטיאָנען און האָט זיי דערמאַנט, אז זיי זענען נור פריעדענסאָרדנער אונד האָבען גאָר קיין רעכט זאָ פאָ־צוגעהען, האט מען איהם מיט פיעלע אנדערע אַרעסטירט און מען האָט זיי בעשולדיגט, אז זיי האָבען די זשאנדאמעריע אונד פּאָליציי געשלאָגען. אזוי האָט מען 11 ארעמע אַרעסטירט געבראַכט אויף דער אנקלאגעבאנק נאָך זלאטשאָף. דער הערר פראקוראַטער האָט זיי בעשולדיגט אַלס רוהעשטעהער. יאָ, ער האָט זיי בעטראכט אַלס

זענען געווען פערווייסט מיט קאַלך, די מערקווירדיגע איינריכטונג פון סופיט איז געווען פאַר אונז זעהר ניצליך.

איך האָב אויסגעקליבען איבער'ן אויווען דאָס ברייטסטע ברעט און דאָב בעשלאָסען עס איבער צו שניידען אין צוויי ערטער קיילפאָרמיג, (קלינפאָרם). אום דאָס אויסגעזעגטע שטיקעל ברעט זאָל זיך האַלטען אויף'ן אָרט האָב איך עס געדאַרפט זענען נישט זענקרעכט (פיאָנאווע) נאָר שרעהג (אוקאשנע) אויף די שרעגונג האָט זיך געדאַרפט האַלטען דאָס אויסגעזעגטע שטיקעל און א דאַנק די קיילפאָרמע איז עס גענוי אָנגעלעגען צום סופיט, אָבוואָהל פיעל פון אונז האָבען געצווייפעלט, אויב דאָס ברעט וועט זיך האַלטען, ווען עס וועט זיין אַדורך געזעגט. מיר האָבען ווי אָבער איבערצייגט, אז אין יעדען פאַל וועט מען עס קענען פערקיילען, פערקלעבען מיט ברויט אין „פערפודער" מיט קאַלך און דעם פּלאַן פון אנטלויפען דורך די עפנונג פערוואָרפען, בערוהיגענד אזוי די אונגלויביגע האָבען מיר בעשלאָסען באַלד אנצופאַנגען אונזער אַרבייט.

איך וועל נישט בעשרייבען די איינצעלהייטען פון אַלע פאָרזיכטיגקייטע פון די אונטערנעהמענדע אום אויסצופיהרען די ארבייט, וועלכע איז געווען זעהר שווער, נישט בלויס די קלענסטע אונפאָרזיכטיגקייט, נאָר א קליינער פאָרפאַל וואָלט געקענט פערניכטען אונזער גאַנצע אַרבייט.

וואָכען האָט מען איבעראַל אויסגעשטעלט, זשאנדאַרמען און סאָלדאטען האָט מען גישט אָפּגעלאָזט פון אויג, נאָכפאָרשענדיג זיי דורך די שפאַלטען פון די טהיר, ווען עס וואָלט ווער פון די געפאַנגנים אדמיניסטראציאָן אריינגעגאַנגען אין אונזער קארידאָר, וואָלט א סיגנאַל באַלד אונז צו וויסען געטהון, דער שילדוואַך אינטער'ן פענסטער איז אויך געווען גוט בעאָבאַכטעט, אום מען זאָל זיך נישט בעמערקען ביי די ארבייט, אַרויפגייענדיג אויף'ן אויווען האָב איך מיך פערדעקט מיט א ליילעך, וועלכע האָט פון דער ווייטענס זיך פאָרטרעפליך צוגעפאַסען מיט די ווייסע וואַנד און כדי מען זאָל נישט הערען די אַרבייט האָבען איינינע אין די צעלע געזונגען און געטאַנצט, איך וויעדער האָב געזעגט צום טאַקט פון דעם געזאַנג אין טענק. אדורכבויערענדיג דאָס לעכיל פון סופיט האָב איך אריין געשטעלט דערין א קליין זעגעל מיט קליינע צעהן, אום עס זאָל וועהניגער רויש מאכען, אָבער א דאַנק דעם האָט זיך געזעגט גאַנץ פּאמעליך.

אָפט ערשרעקענדיג זיך פון דעם סיגנאַל האָב איך איבערגעריסען די אַרבייט און מיט א זעלטענע געשיקטיגקייט האָב איך אַרויסגענומען דאס זעגעל און האָב עס מיט דעם ליילעך איבערגעלאָזט אויף'ן אויווען און אליין בין איך אראָפּגעשפּרונגען אויף די הענד פון די חברים.

די שרעק איז פאַרביי און איך האָב מיך וויעדער גענומען צו די איבערגעריסענע אַרבייט.

ענדליך האָב איך איבערגעזעצט און אַרויסגענומען דאס אויסגעזעגטע שטיקעל ברעט, עס האָט זיך בעוויזען איין עפנונג, וועלכע מען האָט געדאַרפט פערברייטערן צו דער גרויסקייט פון דעם אראָפּגענומענעם ברעט, נישט פערליערענדיג קיין צייט האָב איך גענומען דאס שטאָמאייזען און באַלד האָט זיך געערערט איין קלאָפּ נאָך'ן צווייטען נישט אַכטענדיג אויף דעם שטומפען געזאַנג.

איך געדענק, ווי באַרדאַווסקי איז אַרויף געשפּרינגען אויף די פּלייצעס פון איין חבר און האָט שטיל געזאָגט, אום איך זאָל פּרובירען, צו דאָס אויסגעזעגטע שטיקעל וועט זיך פעסט האַלטען; איך בין געווען זיכער מיט זיך — ווייל ארויסנעהמענדיג דאָס ברעט האָב איך געשפּירט, אז עס האַלט זיך — ענטפער איך איהם: „עס וועט האַלטען, איך וועל שפּעטער פּרובירען!"

ענדליך איז די עפנונג ברייטער, באַרדאַווסקי דער דיקסטער פון אונז אַלע וועט געווים אַדורך, באַרראַווסקי מיט דער הילף פון די חברים געהט לייכט אַרויף אויווען, פּרובירט אַריין אין עפנונג... די פּראָבע גיעט זיך איין.

אָבער אַלע ווינגענדע נעמט אַרום א שרעק: צו וועט זיך דאָס ברעט האַלטען — דאָס לאָך אין סופיט ווערט דייטליך שוואַרץ.

איך לייג צו דאס אויסגעשניטענע שטיקעל ברעט, איך פערשיעב עס און... דאָס לאָך פערשווינדעט, ווי פון א מכשף'ס קללה און דאס ברעט האַלט זיך אויסגעצייכענט.

די טישלעריי מיינע טראוימפירט!

דאס אלגעמיינע, גלייכע און דירעקטע וואהלרעכט. עס זענען נעווען העכער 6 טויזענד מאן, דערינען ביז 5 טויזענד עלטערע ארבייטער. גענ. דאשינסקי האט אין אַן־אנדערטהאַלבען שטונדיגע רעדע ארומגערעדט די נויטהינקייט פֿון דער וואהל־רעפֿארמע. שוין אויף דער פֿערזאַמלונג זענען די פּאָליציי־קאָמיסער געווען דענערווירט. נור דאָס איז נאָך געווען גאָלד אין פֿערגלייך מיט דעם וואָס איז געווען אויף דער גאַס. ווי נור די ארבייטער זענען אַרויס פֿון לאָקאַל האט זיך אָנגעהויבען אַ געשלעג מיט דער פּאָליציי און אַנ־ארומרייטערייַ מיט די פּאָליציי אַגענטען און בעאַמטע, וועלכע האָבען געדויערט אנדערט האַלבען שטונדען. מען האָט דערביי אַרעסטירט ביז 12 פערזאָן, אין דעם 8 יונגענדליכע אַרבייטער פֿאַר וואַרפֿען שטיינער. די ארבייטער זענען געווען זעהר אויפֿגערעגט און האָבען זיך צוגעזאָגט, אַז לעתיד וועלען זיי אויך מאַכען הכנית. גענ. דאַשינסקי איז אויסגעוועהלט געוואָרען פֿאַר אַ דעלעגאַט אין דער דעפּוטאַציע, וואָס וועט דערלאַנגען דעם מאַרשאַלעק פֿון גאַליציאַנער סיים אַ פּעטיציאָן וועגען אַ וואהל רעפֿאָרמע.

### א פאלקס פערזאמלונג פון די בעקער אין קראקוי.

זונטאג דעם 15־טען איז אבגעהאַלטען געוואָרען אין לאָקאַל פֿון „פּאַסמעמס“ (סטאַראָווישלנא 42) אַ פֿאָלקספֿערזאַמלונג פֿון די בעקער. פֿאָרזיטצענדער איז געווען גענ. גרינוואַלד, די טאַגעסאָרדנונג איז געווען: 1. געווערקשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן. 2. פֿערזיכערונג אויף דער עלטער. צום ערשטען פּונקט האָט רעפֿערירט גענ. זשולאַווסקי. ער האָט אויסגעוויזען, אַז נור אַ טהייערע אָרגאַניזאַציאָן ברענגט נוטצען, ווייל נור אזא אָרגאַניזאַציאָן קען גרינדליך איבעראַנדערשען די שרעקליכע בעדינגונגען, וועלכע הערשען איצט אין דעם בעקער־פֿאַך. צום צווייטען פּונקט האָט גערעדט גענ. דר. קאַפּעלנער: מיר בעטען קיין חסדים ניט. פֿאַר דער שווערער ארבייט וואָס מיר פּאַצעווען אין די יונגע און מיטעלע יאָהרען, פֿאַר די פֿאַרמעגענס וואָס מיר בעשאַפֿען פֿאַר פֿרעמדע מיט אונזער שווייס און בלוט קומט אונז אויף דער עלטער אַ רוהיג שטיקעל ברויט. איצט אָבער האָבען מיר אויף דער עלטער, אויב אימיצער דערלעבט זי נור, אַ שטעקען מיט אַ טאָרבע צו בעטלען. ער האָט געצייכנט דעם שייכות וואָס איז צווישען דעם געזעץ אין דער וואהלרעפֿאָרם. דער היינטיגער פּאַרלאַמענט וועט אַזאַ געזעץ ניט אָננעהמען, ווייל ניט ער וויל עס און ניט ער קען. דער רעגירונגס פּראָיעקט ליעגט שוין דעריבער חדשים לאַנג אין שטויב פֿון אַרחיוו אין דער קאָמיסיאָן. נור אַ פּאַרלאַמענט מיט אמת'ע פֿאָלקספֿערטרעטער וועט מוזען זאָרגען פֿאַר'ן פֿאָלק. די אַנוועזענדע האָבען אויסגעהערט די רעפֿעראַטען מיט בעגייסטערונג. עס זענען געווען אַנ'ערך פֿון 8 בעקער געזעלען.







א פילאסעמיט, אן־אוהב ישראל איז אזוי לעכערליך, אזוי אוננאטירליך ווי אן־אנטיסעמיט, ווי א שונא ישראל. ווער ווייס צו די ערשטע זענען פאר אונז יודען, ניט שעדליכער פאר די צווייטע: זיי רעדען אין אונז איין מעלות וועלכע מיר האבען ניט. ווייל אויב מיר זענען צוליעב דעם לאנגען גלות, צוליעב אונזערע בעשעפטיגונגען ניט ערגער פאר אנדערע פעלקער — בעסער זענען מיר געווים ניט. און „די יודען" טשירקאוו'ס זענען א פילאסעמיטיש ווערק. איהר האט דארט ניט קיין איין שאטען פון די יודישע העלדען. אלע, פון שלמה'ען ביז ברוך'ען זענען אידעאלע מענשען, די זאכען, ווי לייזער פרענקעלס רייכטהום, וועלכע זעהען אין דער ווירקליכקייט אויס ווענינער פאעטיש, זענען פערשטעלט מיט א דיסקרעטען שלייער. איהר פיהלט, אז דער פערפאסער האט זיך געסטארעט צו אידעאליזירען די יודען פון זיין דראמא, כדי די רחמנות פון דעם לעזער זאל שפעטער, ווען חוליגאנעס בעפאלען זיי פלוטצלינג איבער, זיין א גאנצע, אן־אונבעדינגטע. עס איז אבער פאלש און ניט נויטהיג. דער געוועהנליכער טיפ פון יודישען קליינ־בירגער [illegible] פון דעם אידעאלען טיפ וואס טשיריקאוו מאלט אונז אין זיינע „יודען". די שווערע עקאנאמישע און פאליטישע בעדינגונגען, אין וועלכע יודען געפינען זיך אין ספעציעל די מיטעלקלאסע, מאכען פון זיי גאנץ וואכענדיגע מענשען, ווייט פון יעדען אידעאליזמוס. פון א קונסט ווערק פערלאנגען מיר, עס זאל שילדערן די ווארהייט ווי זי איז. און אין דעם פאל האט דער פערפאסער געדארפט שילדערן דעם גרונד, אויף וועלכען פאגראמען קומען פאר. אין „די יודען" פאלען די פאגראמען אראב ווי פון הימעל, אומגעריכטערהייט. דער צווייטער חסרון איז אלגעמיין דער גאנצער „פאגראם־ליטעראטור". ער בעשטעהט אין דעם וואס נעבען דער טראגעדיע פון פאגראם, אדער זאגאר נעבען גדאנק וועגען פאגראם ליידעט דער לעזער, דער הערער, אדער בעסער זיינע נערווען קיין שום געשפרעכען, קיין שום בייזאכען, קיין שום זייטיגע אקציע. אין לעבען קען אפט מאל נעבען דער גרעסטער טראגעדיע פארקומען די קאמישסטע קאמעדיע, נור דאס לעבען פרעגט ניט צו עס געפעהלט, צו עס איז שעהן, צו מען וויל עס און... צי מען קען עס איבערטראגען. די סצענע אבער מוז זיך דערמיט אלעם רעכנען. פאר אזא סצענע האלט איך דעם גאנצען געשפרעך צווישען לייזער'ן מיט ברוך'ען אין דעם מאמענט ווען די חוליגאנעס שטעהען שוין נעבען הויז...

אבער די דראמא האט שוין איהר געשיכטע, פאר אונז יודען, זעהר אינטערעסאנטע. די ראליע פון בערעזין'ען, פון לאה'עס חתן האט געשפיעלט צוויי חדשים פאר דעם זשיטאמיר'ער פאגראם א מענש וועלכער איז איצט איינגעשריבען מיט גאלדענע אותיות אין אונזער געשיכטע. די ראליע פון רוסישען אקאדעמיקער, וואס פאלט אונטער די קלעפ פון די פאגראמשציקעס, פערטהיידיגענדיג די יודען, האט געשפיעלט אין שווייץ דער רוסישער אקאדעמיקער בלינאוו, וועלכער איז אין צוויי חדשים ארום געפאלען אין זשיטאמיר, קעמפפענדיג אין די רייהען פון די יודישע „זעלבסט שוץ" געגען די ווילדע פאגראמשציקעס. ער איז דאן געוועזען אליין, אבער פארגעסען מיר ניט, אז אויך די צאהל יודען וואס האבען זיך פערטהיידיגט איז געוועזען קליין. נאך קישענעוו איז זשיטאמיר געוועזען א גרויסער פארשריט.

געשפיעלט האבען אלע אויסגעצייכנעט. דאס פובליקום האט זיך אבער דאס מאל געהאלטען צו היימיש, אריינגעגאנגען און ארויסגעגאנגען אין דער צייט פון שפיעל, געלאכט וואו מען האט געדארפט שטוינען פון גרויליכקייט, אז עס האט אפט מאל גוט געשטערט.

מ. מיכלזאהן.

---

# די רעוואלוציאנערע בעוועגונג אין רוסלאנד און אין רוסיש־פוילען.

### די גליקען פון א יודישען זעלנער ביי פאניע.

— אין „בירזש. וועד." שרייבט מען פון מאסקווע פאלגענדעס: „קיין מאסקווע איז געקומען צופאהרען איינער פון יענע העלדע', וואס האבען זיך אויסגעצייכענט אויף דער רוסיש־יאפאנישער מלחמה און וואס די גרויסע וועלט ווייסט ניט פון זיי; דאס איז — דער סאלדאט פון 22־טען מזרח־סיבירער סטרעלקאווי פאלק, אבינדור שווארץ, וואס האט אנטהייל גענומען אין אלע מעהר אדער ווענינער גרויסע געפעכטען. שווארץ האט בעקומען עלף וואונדען; ער האט דריי געארגי־צייכענס און א מעדאל, וועלכע ער האט בעקומען דערפאר, וואס ער האט געראטעוועט זיינעם אן־אפיציר, וועלכער האט זיך געטרונקען אינים טייך יאלו. שווארץ האט בעקומען א גאלדענעם געארגי־צייכען דערפאר, וואס ער האט אויפגעריסען א יאפאנישען סקלאד פון פולווער. בשעת דעם געפעכט ביי מוקדען איז ער שטארק פערוואונדעט געווארען אין ברוסט; א מעת לעת איז ער אבגעלעגען צווישען די טויטע, און דערנאך האבען די יאפאנער איהם אויפגעהויבען און אוועקגעפיהרט אין געפאנגענשאפט קיין מאצויאמא. אבער פון דארטען איז איהם געלונגען צו אנטלויפען. קיין מאסקווע איז שווארץ געקומען צופאהרען, כדי צו זעהן זיך מיט זיינע קרובים. נאר זיין לאגע איז ווירקליך א טרויריגע: די פאליציי פאדערט דורכאויס, ער זאל תיכף אוועקפאהרען, ווייל ער האט נישט קיין וואוינרעכט אין מאסקווע.

### די רעוואלוציאן אין מאסקווע.

איין מלחמה איז געענדיגט — די צווייטע פאנגט זיך איצט אן. די מלחמה מיט יאפאן האט זיך געענדיגט. רוסלאנד און יאפאן קענען איצט זאגאר ווערען גוטע פריינד. די צווייטע מלחמה אבער: פון די פעלקער אין דער רוסישער מלוכה געגען דער רוסישע רעגירונג פאנגט זיך ערשט אן. דארט קען קיין שלום ניט געשריעבען ווערען ביז די היינטיגע רוסישע רעגירונג וועט ניט צו גרונד געענדערט ווערען. מיט פרייד בעגעגענט דעריבער יעדער רעוואלוציאנער די נייעס וועגען דער רעוואלוציאן אין מאסקווע. עס איז אונמעגליך ארומצושרייבען גענוי אלע צוזאמענשטויסען און געשלעגען צווישען די ארבייטער און מיליטער. בפרט אז די סטרייקען דויערן נאך און מיט זיי די אונרוהען. מיר וועלען ברענגען איין עפיזאד:

דעם 8־טען ד. מ. ארום 3 דעם זייגער ביי טאג האט זיך צונויפגעקליבען א המון פון 3—4 הונדערט בעקער־געזעלען אויף דער טווערער גאס, ביי פיליפאוו'ס בעקעריי. די פאליציי האט געפאדערט, מען זאל זיך פונאנדערגעהן און האט זיך געפרובט געברויכען געוואלט. אבער איינינע פאליציאנטען האבען דערביי שטארק געליטען. עס זענען ארויסגערופען געווארען קאזאקען. די בעקער־געזעלען זענען ארויף אויפ'ן בוידעם און אויפ'ן דאך פון פיליפאוו'ס הויז. אויפן דאך האבען זיי געמאכט א באריקאדע און פון הינטער דער באריקאדע האט מען געווארפען אין די קאזאקען מיט ציגעל, שטיקער ליים און דעם גל. עס זענען אויך אבגעגעבען געווארען איינינע שאסען פון די רעוואלווערן. די קאזאקען זענען תיכף אראב פון די פערד און מיליטער מיט פאליציי האבען פערנומען אלע געסלעך, וואס געהען ארויס צו דער טווערער גאס, בכדי מען זאל ניט דערלאזען אהין דעם המון. עס איז אויך פערנומען געווארען דעם קווער־געסיל, וואס געהט פון די ניקיטינער טויער'ן ביז דער ניקיטינער גאס. אויף דורכצוגעהן פארביי דער וואך האט זיך געפאדערט א בעזונדער ערלויבניש פון דער פאליציי און צו בעקומען אזא ערלויבניש איז אנגעקומען מיט גרויסע שוועריגקייטען.

מען האט פארגעלעגט די בעקער־געזעלען, זיי זאלען זיך אונטערגעבען, אבער זיי האבען געענטפערט דערויף מיט שטיינער און אויך מיט שאסען פון רעוואלווערען. די קאזאקען האבען אנגעהויבען שיסען. עס האט זיך געהערט א קלינגעריי פון געפלאצטע שויבען און עס האבען זיך געשאטען שטיקלעך ליים. דערוויל איז דאס הויז ארומגערינגעלט געווארען פון דער אנדערער זייט דורך אן־אבטיילונג פאליציאנטען און 2 ראטעס גרענאדירען. בשעת די קאזאקען האבען געשאסען איז דאס מיליטער ארויף אויפ'ן בוידעם און ארעסטירט די 192 בעקער געזעלען, וואס זיי האבען דארטען געפינען. דארטען זענען געבליבען 8 דערהרג'עטע און 2 פערוואונדעטע. אונטען אויף דער גאס, זענען דערהרג'עט געווארען: א פאליציאנט, דער פאליציי־נאדזיראטעל סמירנאוו און דער קאזאק זשאראוו. פיעל פאליציאנטען זענען שווערער אדער לייכטער פערוואונדעט געווארען, צווישען עולם זענען אויך דא לייכט פערוואונדעטע, צווישען זיי דער פראפעסאר הארולסקי, וועלכער איז גראד דעמאלט פארבייגעגאנגען. דער פראפעסאר איז פערוואונדעט געווארען דורך קלעפ פון נאגאיקעס. פיעל פון די פערוואונדעטע זענען ניט פערשריבען געווארען, ווייל זיי זענען אוועק צו זיך אהיים.

---

# די ארבייטער וועלט.

### א פאלקס פערזאמלונג אין קראקוי.

זונטאג, דעם 15־טען ד. מ. איז אבגעהאלטען געווארען אין דער אויעזדושאלניע א ריעזיגע פאלקס־פערזאמלונג מיט דער טאגעס ארדנונג:

## Wydawnictwa Spółki nakładowej „Książka“.

***Blos Wilhelm**. Rewolucya Francuska. Z 2 rycinami. Dwa tomy. (Na cienkim papierze 2 tomy w jednym). Cena 12 koron.

***Feldman W.** O Rosyi. Cena 1 korona.

***Informator.** Stronnictwa polityczne w Królestwie Polskiem Cena 2 korony.

**Kalthoff Albert.** Światopogląd religijny. (Treść: Przedmowa. Wstęp. — Nieskończoność świata. — Zachowanie siły. — Teorya rozwoju. — Pochodzenie wiary w Boga. — Treść wiary w Boga. — Modlitwa. — Stary i nowy człowiek. — Wiara i wiedza. — Wiara i jednostka. — Wiara i życie. — Prawo dziedziczności. — Prawo przystosowania. — Idealizm. — Ideał i życie. — Ideał jednostki. — Ideał społeczny. — Ideał religijny. — Wspólnota religijna. — Kult religijny. — Biblia. — Nauka religii. — Religijne wychowanie młodzieży. — Symbole religijne. — Religia a klechy. — Rzut oka wstecz). Cena 3 korony 20 halerzy.

***Kasprowicz Jan.** Chrystus. Poemat społeczno-religijny. Cena 3 korony w oprawie.

***Mańkowski Mieczysław.** U stóp szubienicy. Urywek ze wspomnień więziennych „proletaryatczyka“. Cena 60 halerzy.

***Marks-Engels-Liebknecht.** Odbudowanie Polski. (Zbiór artykułów o kwestyi polskiej.) Cena 2 korony.

***Narkiewicz-Jodko i Szymon Dykszta jn.** Polski Socyalizm Utopijny na emigracyi. (Dwie rozprawy). Cena 1 kor. 20 hal.

**Orkan Władysław.** Herkules nowożytny i inne wesołe rzeczy. (Zbiór nowel). Cena 2 korony.

**Orkan Władysław.** Ofiara. Fragment w 3 aktach z 1846 r. Cena 1 korona 50 halerzy.

**Orkan Władysław.** Wina i Kara. Tragedya w 3-ech aktach. Cena 2 kor.

***Płochocki Leon.** Rosyjskie partye polityczne i ich stosunek do sprawy polskiej. (Treść: Przedmowa. — 1881 — 1903. Rosyjskie stronnictwa polityczne w przededniu wojny. — Stronnictwa rosyjskie wobec sprawy polskiej. — Dodatki). Cena 3 korony.

***Stepniak S.** Losy nihilisty. Romans. Z przedmową Jerzego Brandesa. Cena 6 koron.

**Verhaeren E.** Jutrznie. Dramat społeczny. Przekład Maryi Markowskiej. Cena 2 korony.

* * *

***Gierszyński Henryk dr.** Emigracya i Skarb narodowy. Cena 20 halerzy.

***Luśnia Michał.** Jak się narody rządzą? (Wydawnictwo Związku Postępowej Młodzieży Polskiej z funduszu imienia H. Bukowskiego). Cena 60 halerzy.

***Plechanow.** Anarchyzm i socyalizm. Cena 2 koron 60 hal.

***Rocznik Związku Postępowej Młodzieży Polskiej.** Rocznik I. 1905. Cena 1 korona.

**Rops F.** Porządek panuje w Warszawie. (Wspaniała heliograwura). Cena 7 koron 50 halerzy.

***Zmowa powszechna przeciw rządowi.** (Wydawnictwo Ludowego Koła Oświaty). Cena 30 hal.

Wydawnictwa, oznaczone gwiazdką (*) nabywać można również na specyalnym cienkim papierze).

**Do nabycia we wszystkich księgarniach.**

## Pod prasą i wkrótce wyjdą.

**Jaeckh G.** Historya Międzynarodowego Stowarzyszenia Robotników.

**Promus C.** Powstanie chrześciaństwa.

**Wasilewski Leon.** Rządy konstytucyjne w Zachodniej Europie i Ameryce.







Wydawca odpowiedzialny redaktor Ignacy Gross.

Z drukarni Józefa Fischera w Krakowie.